# פארוואָרט

די דיכטערין שפרה ווערבער איז באַקאַנט אין אונזער ישוב נישט נאָר אַלס סטימולירנדיקער כוח אין היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן, נאָר אויך אַלס קולטור־טוערין און גאַנץ באַזונדערס — אַלס לערערין. און ווען איך זאָג לערערין, טראַכט איך באַלד וועגן דער קינדער־סביבה, אין וועלכער שפרה ווערבער פּאַסט זיך אַזוי גוט אַריין און ווערט אַזוי שנעל געקניפּט און געבונדן מיט אירע יונגע צוהערער, און דאָס — נישט אַזוי צוליב די פּעדאַגאָגישע פעיקייטן, וואָס זי באַזיצט בלי שום ספק — נאָר גיכער, וואָלט איך געזאָגט, צוליב איר אויסערגעוויינלעכער ליבע צו קינדער.

און אַז שפרה ווערבער האָט ליב יידישע קינדער, דאָס האָבן מיר געזען הן אין די פינצטערע יאָרן פון דעם לעצטן וועלט־קריג, ווען זי האָט בפועל ממש געראַטעוועט יידישע קינדער פון שונאס הענט, און הן נאָך דער באַפרייונג, ווען זי האָט זיך געוואָרפן מיט איר גאַנצן ברען אין דער הילפס־אַקציע פאַר די לעבנגעבליבענע יידישע משפחות און גאַנץ באַזונ־דערס פאַר די אָפּגעראַטעוועטע יידישע קינדערלעך. נישט איין יידיש קינד אין בעלגיע האָט צו פאַרדאַנקען שפרה ווערבער, וואָס אים איז געלונגען גובר צו זיין די עלנטקייט און קענען אַפילו פאַרזעצן און פאַרענדיקן זיין שטודיום.

אָבער אויך שפרה ווערבער באַקומט איר שכר: זי הייבט אָן ווערן ליטעראַריש טעטיק; אונטערן איינדרוק פון די שרעקלעכע אָקופּאַציע־יאָרן, שרייבט שפרה ווערבער אָן אַ קינדער־מעשהלע און אייניקע קינדער־לידעלעך, וואָס ווערן פאַרעפנטלעכט אין זאַמלהעפט „האַנט אין האַנט”, אַרויסגעגעבן בשעתו דורך דער געזעלשאַפט „שול און דערציונג”, און וועלכע האָבן געהאַט אַ גאַנץ וואַרעמען אָפּרוף. און איצטער ברענגט אונז די דיכטערין אַ פרישן קינדער־מעשהלע א.ג. „ניסעלעס טרער”, אַ טרער פון יידישן קינד ניסעלע, וועמענס עלטערן עס זענען פאַרשלעפּט געוואָרן אין די נאַצי־לאַגערן.

דאָס מעשהלה איז באַהויכט מיט נשמה און מיט אמתער דיכטערישער פאַנטאַזיע, פאַרמאָגט אַלע אַטריבוטן פון קינדער־דיכטונג און קען זיכער דינען אַלס לייען־מאַטעריאַל פאַר די יידישע שולן.

אַ סך חן געבן צו דעם מעשהלע די פּרעכטיקע צייכענונגען פון באַרימטן יידישן מאָלער בען.

קומט טאַקע דעריבער אַ גרויסן יישר־כוח דער געזעלשאַפט „שול און דערציונג”, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דעם אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע ביכל פון שפרה ווערבער, און מיר ווינטשן דער מחברטע: זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה, און זאָל זי זוכה זיין צו שטייגן וואָס העכער און העכער אויף איר ביימעס טעטיקייטס־געביט. דאָס וועט זיין צום כבוד פון אונזער ישוב און אַ געווינס פאַר דער קינדער־דיכטונג.

**פ. בלאַנק**

אין א שטאט — זאל זיין — אין בריסל
וווינט א יינגל, הייסט ער — ניסל,
מיט זיין טאטן, מיט זיין מאמען
וווינען אלע דריי צוזאמען.

ניסעלע איז רונדיק, קליין
און א פנים — מלא חן,
נידעריק, ברייט — די מאמע ציפע
לאנג און דאר — דער טאטע ליפע.

וווינען אלע דריי אין פריידן,
גליקלעך, ווי אין א גן־עדן.

איז אין העטלאנד דא א קייזער,
אזא שלעכטער, אזא בייזער,
וויל זיך גאר כסדר קריגן
און די גאנצע וועלט באזיגן.

איינמאל זאגט ער זיינע לייט:
„יידן זענען דאך צעשפרייט;
טאמער טרעפט איר יידן אן,
פאקט זיי אן אין א וואגאן,
שיקט זיי אפ אין לאנד צו מיר,
אין דעם לאגער נומער פיר".

ווערט ביי יידן א בהלה,
א יללה: אט א קללה!

קומען העטן אן אין בריסל,
דארט ווו ס'ווינט דאס יינגל ניסל,
כאפן אן די מאמע ציפע
און דעם גוטן טאטן ליפע,
און א הויכער אפיציר
שיקט זיי אפ אין לאגער פיר.

איז דער אומגליק זייער גרויס,
האלט עס ניסעלע נישט אויס;
נישט ער שפילט זיך, נישט ער לאכט,
שטענדיק אומעטיק, פארטראכט.
בענקט ער נאך דער מאמען ציפע
און דעם גוטן טאטן ליפע.
וויינט דאס יינגעלע און קלאגט,
אז דאס הארץ ווערט אויסגענאגט.

גיסן טרערן טראָפּ נאָך טראָפּ,
פאַלט אַמאָל אַ טרער אַראָפּ,
דרייט זיך דריי מאָל אַרום פּיסל
פון דעם קליינעם ייִנגל ניסל,
און זי זאָגט צו אים אַזוי:

„ס'גייט דאָס האַרץ מיר אויס פאַר ווײ,
וואָס דו האָלסט אַזוי אין כליפּען
נאָך דיין ליבער מאַמען ציפּע
און דיין גוטן טאַטן ליפּע.
כ'קען ניִשט הערן דיין געוויין,
עלנט נעבעך און אַליין
ביסט געבליבן אויף דער וועלט
און אין דרויסן — אַזאַ קעלט.

הער זשע, יינגעלע, מיך אויס:
איך וועל אין דער וועלט ארויס,
און מיין נאמען איז נישט טרער,
אויב איך ברענג דיר נישט אהער —
סיי דיין ליבע מאמע ציפע,
סיי דיין גוטן טאטן ליפע".

פרייט זיך ניסעלע א גרויל,
גיט א קוש דער טרער אין מויל:

„כ'וועל דיך קיינמאל נישט פארגעסן —
נישט ביים שלאפן, נישט ביים עסן;
גיי און זאל דיר זיין מיט גליק —
טאטע-מאמע ברענג צוריק".

זיבן נעכט און זיבן טעג
איז די טרער געווען אין וועג,
ביז זי קומט אין ענגלאנד אן,
קלאפּט אין לאנדאנס טויער אן.
פרעגט זיך לאנדאן: „ווער קלאפּט, ווער?"
„איך, כ'בין ניסעלעס א טרער".

און די טרער דערציילט מיט ברען
וועגן אליך וואס איז געשען,
וועגן ציפּען, וועגן ליפּען
און פאַרענדיקט מיט א כליפּען:
„עפּעס טוט פאר ניסלם גליק,
טאטע־מאמע ברענגט צוריק".

„ס'איז דיין איינפאל גארנישט שלעכט,
דיין בקשה איז גערעכט",
ענטפערט לאנדאן מיט א ברומען:
„זענען אבער מיר פארנומען
מאכן ביקסן, עראפּלאנען, —
מיינסטו, אז ס'איז צייט פאראנען
זוכן ציפּען, זוכן ליפּען?
ס'וועט נישט העלפן דיר דיין כליפּען".

זעט זי, אז די זאך איז שווער,
ווערט זי טרויעריק, די טרער.

זיבן נעכט און זיבן טעג
גייט זי ווייטער אַלץ אין וועג,
ביז זי קומט צו וואַשינגטאָן,
קלאַפּט זי דאָרט אין טויער אָן.

זי דערציילט אויך דאָרט מיט ברען
וועגן אַלץ וואָס איז געשען,
וועגן ציפּען, וועגן ליפּען
און פאַרענדיקט מיט אַ כליפּען:
„עפּעס טוט פאַר ניסלס גליק,
טאַטע־מאַמע ברענגט צוריק".

„ס'איז דיין איינפאַל גאָרנישט שלעכט,
דיין בקשה איז גערעכט.
וואַשינגטאָן באַגריסט דיין קומען,
זענען אָבער מיר פאַרנומען
מאַכן ביקסן, עראָפּלאַנען,
מיינסטו, אַז ס'איז צייט פאַראַנען
זוכן ציפּען, זוכן ליפּען?
ס'וועט נישט העלפן דיר דיין כליפּען".

זעט די טרער די זאַך איז שווער,
ווערט זי טרויעריק נאָך מער.

זיבן נעכט און זיבן טעג
גייט זי ווייטער אלץ אין וועג,
קומט זי אין ישראל אן,
קלאפט זי דארט אין טויער אן.

ווערט א טומל, א גערודער —
ס'איז א טרער פון אונזער ברודער,
ס'איז נישט עפעס אבי־ווער,
ס'איז דאך ניסלעס א טרער.

ווערט די טרער באזארגט מיט עסן,
ווערט די טרער באזארגט מיט טרינקען,
ווערט געמאכט איר א געלעגער,
אייביק וועט זי דאס געדענקען.
ווערט איר ווארעם, ווערט איר גוט,
קריגט די טרער שוין ווייטער מוט.

און ווי ס'הייבט נאר אן צו טאגן,
איז די טרער אויף אלע ראגן
און דערציילט באלד אויס מיט ברען
וועגן אלץ וואס איז געשען,
וועגן ציפען, וועגן ליפען
און פארענדיקט מיט א כליפען:
„עפעס טוט פאר ניסלם גליק,
טאטע־מאמע ברענגט צוריק".

ד

און יידן: — „העך אונז אויס,
ס'איז דער אומגליק זייער גרויס,
צו דערלעבן א נקמה
פירן מיר איצט א מלחמה
מיט די העטן און דעם קייזער,
אזא שלעכטער, אזא בייזער;
יידן האט ער אן א שיעור
איינגעשפארט אין לאגער פיר,
און פארשטעלט האט ער זיין לאנד
מיט א הויכער פעסטער וואנט
און באוואכט עס מיט סאלדאטן,
מיט באגנעטן און הארמאטן.
ווי באפרייט מען מאמע ציפע
און דעם גוטן טאטן ליפע,
אז דער לאגער נומער פיר
איז נאך ערגער ווי סיביר".

זעט די טרער די זאך איז 'שווער
ווערט זי טרויעריק נאך מער.

און דא — פאלט איר עפעס איין:

„כ'מוז נאך אויך אין רוסלאנד זיין,

מארגן לאז איך זיך אין וועג".

פאלט אויף יידן אן א שרעק,

ווערט א טומל, א געוואלד:

„ס'איז אין רוסלאנד זייער קאלט,

וועסט דאך דארט פארפרוירן ווערן".

וויל די טרער דערפון נישט הערן:

— „מארגן לאז איך זיך אין וועג,

און א סוף זאל זיין, אן עק". —

ווערט א טומל, א גערעש,

און מען לויפט ארויס אין גאס,

און מען הויבט אן צו באזארגן,

זאכן, עסנווארג אויף מארגן.

מאכט א שוסטער שנעל און גיך,
מאכט איר א פּאָר נייע שיך,
און דער שניידער מאכט א פוטער,
און דער פּערמער — קעז און פוטער,
און די קבוצה „ילדים"
ברענגט איר ברויט פון בעסטן מין.
און די קינדער — אייגלעך גלאנצן —
ברענגען זאָן איר פּאמעראנצן,
שאָקאלאַד און גוטע זאכן,
וואס נאר יידן קענען מאכן.

דאנקט די טרער און וויל שוין גיין, —
שטייט א מיידעלע אליין:
„כ'האָב דיר גארנישט וואס צו געבן,
ס'גייט מיר אוים דאס גאנצע לעבן",
זאגט דאָס מיידעלע פארשעמט,
און דאס הערצל נעבעך קלעמט.

פלוצים גיט זי זיך א כאפ
און אין קעשענע א טאפ:
„כ'האב א בערשטעלע געקראגן —
א מתנה פון מיין באבן.
נא, איך גיב עס דיר אוועק,
נעם עס מיט אין ווייטן וועג.
מיטן בערשטעלע א פוץ,
גייט אראפ דער גאנצער שמוץ,
ועסטו שיין און גלאנציק ווערן,
ווי אין הימל טויזנט שטערן.
ס'וועט דאס בערשטעלע דיר נוצן,
טאמער דארפסטו אין וועג זיך פוצן".

זאגט די טרער: „א גרויסן דאנק —
ס'איז דאך טאקע א געדאנק —
טאמער כ'דארף אין וועג זיך פוצן,
קען דאס בערשטעלע מיר נוצן".

אנגעטאן אין נייעם פוטער,
און אין רוקזאק ברויט מיט פוטער,
אויסגעפוצט און מלא חן,
לאזט די טרער אין וועג זיך גיין.

זיבן נעכט און זיבן טעג
איז די טרער געווען אין וועג,
ביז זי קומט אין רוסלאנד אן,
קלאפט זי דארט אין טויער אן:

„איר דאס לאנד פון יושר, רעכט —
זאגט, צי איז אזוי גערעכט,
זאגט, צי איז עס נישט געמיין
לאזן ניסעלען אליין".

און די טרער דערציילט מיט ברען
וועגן אלץ וואס איז געשען,
וועגן ציפען, וועגן ליפען
און פארענדיקט מיט א כליפען:

„עפעס טוט פאר ניסלס גליק,
טאטע-מאמע ברענגט צוריק".

מ׳יט א גרויסן וויי־געשריי,
ענטפערט רוסלאנד איר אזוי:

„ס׳איז דיין טענה א גערעכטע,
און די העטן — טאקע שלעכטע;
זייער שיין, וואס ביזט געקומען,
זענען אבער מיר פארנומען
— מאכן ביקסן, עראפלאנען,
מיינסטו, אז ס׳איז צייט פאראנען
זוכן ציפען, זוכן ליפען?
ס׳וועט נישט העלפן דיר דיין כליפען".

זעט זי, אז די זאך איז שווער,
ווערט זי טרויעריק נאך מער.

קלערט זי: — וואס איז דא צו שטיין,
כ׳וועל אליין אין לאנער גיין
אויפזוכן די מאמע ציפע
און דעם גוטן טאטע ליפע.

זיבן נעכט און זיבן טעג —
גייט זי... טרעפט זי אויפן וועג —
איינס און צוויי און דריי און פיר...
טרערן, טרערן אן א שיעור...
טרערן קינדערישע טרערן,
וועלכע לייכטן, ווי די שטערן.
זיי דערציילן אלע אויס —
וועגן אומגליק, וואס איז גרויס:

„קינדערלעך אליין געבליבן,
טאטעס, מאמעס האט פארטריבן
אט דער הויכער אפיציר
אין דעם לאגער נומער פיר".

זאגט דאן ניסלס טרער צו זיי:
„ס'איז ביי מיר דער זעלבער ווײ",
און דערציילט זיי ווי און ווען,
ד — די טרער — איז אויסגעוואוסן.

גיסן זיך צונויף די טרערן
און זיי שווערן ביי די שטערן:
— וואס און ווען עס זאל נישט זיין,
מוזן מיר אין לאגער זיין. —

גיסן טרערן זיך צוזאמען,
ווי געבוירן פון איין מאמען,
ווערט א טייכעלע פון זיי,
קלאר און גלאנציק ווי דער שניי.

זיבן נעכט און זיבן טעג
איז דאָס טײַכעלע אין וועג;
טוט דער וואַלד־זעלנער אַ גענעץ,
פּליסקט דאָס טײַכל דורך דער גרענעץ,
און אין לאַנגער נומער פיר
קלאַפּן טרערן אָן אין טיר.

און די מאַמעס און די טאַטעס —
אַלע אײַנגעטאָן אין שמאַטעס —
מיט אַ פּליעסקען אין די הענט,
האָבן טרערעלעך דערקענט.

אויך די ליבע מאַמע ציפּע
און דער גוטער טאַטע ליפּע
מיט אַ פּליעסקען אין די הענט
האָבן ניסלס טרער דערקענט.

און די טרער דערציילט מיט ברען
וועגן אַלץ וואָס איז געשען
און זי בעט ביי מאַמען ציפּע
און ביים גוטן טאַטן ליפּע:
„עפּעס טוט פאַר ניסלס גליק,
קומט צום יינגעלע צוריק".

הייבט אָן כליפּען מאַמע ציפּע,
כליפּעט אויך דער טאַטע ליפּע:
„ס'איז דיר לייכט צו זאָגן קומען,
ס'איז דאָס לאַנד אַרומגענומען
מיט אַ הויכער פעסטער וואַנט
און מיט וואַך־לייט נאָכאַנאַנד".

זעט די טרער די זאַך איז שווער,
ווערט זי טרויעריק נאָך מער.

בליפּעט מער נישט מאמע ציפּע,
נישט דער גוטער טאטע ליפּע,
נעמען אָן די טרער אין האַנט,
קושן, צערטלען נאַכאַנאַנד,
און זיי זאָגן איר אַזוי:

„ס'גייט דאָס האַרץ אונז אויס פאַר וויי
דאָס וואָס ניסל וויינט כּסדר,
אָבער לײדער, אָבער לײדער
איז פון לאַנגער נומער פיר
נישט צו געבן זיך קיין ריר.
גיב אים אָפּ די בעסטע גרוסן,
גיב אים איבער הייסע קושן"...

רעדן קענען זיי נישט מער,
אַזוי פּרעסט דאָס האַרץ זיי שווער...
און עס בלייבט אין האַלדז זיי שטיין
ביטער־טרויעריק געוויין...

און די מאמעס און די טאטעס —
אלע אנגעטאן אין שמאטעס —
זאגן פונקט ווי מאמע ציפּע
און ווי גוטער טאטע ליפּע,
און עס בלייבט אין האלדז זיי שטיין
ביטער־טרויעריק געוויין...

ווייל די טרער שוין גיין אהיים,
טראכט זי: — כ'וועל זיך מאכן שיין.—
מיטן בערשטעלע א פּוץ,
גייט אראפּ דער גאנצער שמוץ.
פּלוצים... הייבט אן טרער צו פינקלען
און פארבלענדט דארט אלע ווינקלען.

מאמע נעמט די טרער אין האנט,
זעט זי — ס'איז גאר א בריליאנט;
גייט זי מיט דער טרער אין האנט
צו דער הויכער, פעסטער וואנט,

האבן וואך־לייט נישט דערקענט —
פון בריליאנט אזוי פארבלענדט —
אז די מאמעס און די טאטעס,
אלע אנגעטאן אין שמאטעס,
גייען דורך דעם וויסטן לאנד,
אלץ א דאנק אט דעם בריליאנט.

ווייסט איר, וואס עס איז געשען,
ווען דאס ייִנגל האט דערזען
מאמע ציפּע, טאטן ליפּע?
איז ארויס ער מיט א כליפּען,
קושט דאס פּנים זיי, די הענט...
און דא — האט ער באלד דערקענט,
דער בריליאנט — דאס איז זיין טרער,
ווערט ער פריילעכער נאך מער.

און די טרער דערציילט מיט ברען
וועגן אלץ, וואס איז געשען.
זאגט איר ניסעלע אזוי:

„ביסט געוועזן מיר געטריי —
כ'וועל דיר קיינמאל נישט פארגעסן,
נישט ביים שלאפן, נישט ביים עסן;
האסט געבראכט אזא מין גליק —
טאטע־מאמע כ'האב צוריק".

און פון דעמאלט הענגט בריליאנט
אויף דער שענסטער מזרח־וואנט,
און ווען ס'ווערט א ביסל שמוץ, —
מיטן בערשטעלע א פוץ,
הייבט ער ווידער אן צו פינקלען
און פארבלענדט דארט אלע ווינקלען.

און ווי אמאל, אויך איצט — אין בריסל
לאכט און פרייט זיך יינגל ניסל;
מיט זיין טאטן, מיט זיין מאמען
ווינען אלע דריי צוזאמען,
ווינען אלע דריי אין פריידן,
גליקלעך ווי אין א גן־עדן.

איך בין דארטן אויך געווען
און האב אלץ אליין געזען,
און אפילו דעם בריליאנט
אויף דער שענסטער מזרח־וואנט.

---